אויגוסט סטרינבערג

# פאר'ן טויט

(איבערזעצט פון ל. באַלאזעז)

פרייז 10 סענט



ארויסגעגעבען פון

מאקס יאנקאוויטץ

139 דיוויזיאן סטריט, ניו יארק

## פערזאנען:

הערר דוראנד, אייגנטהימער פון א לאדזשינג־הויז, געוועזענער בעאמ־
מער פון די שטאאטס־באהנען

אדעלא, 27 יאָהר.

אנעטע, 24 יאָהר.

טהערעזא, 18 יאָהר.

אנטאָניאָ, לייטענאַנט אין אן איטאליענישען קאוואלעריע־רעגימענט.

די האנדלונג קומט פאָר אין דער פראנצויזישער שווייץ, אין די אכציגער יאָהרען.

# ערשטער אקט

די סצענע: אן עס־צימער מיט א לאנגען טיש. דורך די אָפענע טיהר אין הינטער־גרונד זעהט מען איבער די שפּיצען פון די בית־עולם בוימער דעם ים, די הויכע אלפּען־בערג און דעם פראנצויזישען באדע־פּלאץ עוויאן, לינקס — א טהיר, וואָס פיהרט אין דער וואוינונג. רעכטס — אַ טהיר אין קיך. הערר דוראַנד שטעהט ביי דער אָפענער טהיר, מיט אַ שפּאקטיוו, און קוקט ארויס אויפ'ן ים. אדעלא קומט אריין פון קיך, אין א פארטוך מיט ארויפגעקאַטשעטע אַרבעל, זי טראָגט אַ טאַץ מיט קאַווע געשיר

---

אַ ד ע ל א. דו ביזט נאָך ניט געגאנגען נאכ'ן ברויט, טאַטע?

ד ו ר א נ ד. ניין, איך האָב היינט געשיקט פּיער'ן. איך פיהל זיך די לעצטע טעג שוואך אויף דער ברוסט, און דאָס קלע־טערען אויף די הויכע בערג קומט מיר אַן זעהר שווער.

א ד ע ל א. שוין ווידער פּיער'ן! דאָס קאָסט דאָך דריי סו, וואו זאָלען מיר זיי נעהמען, און פאר די לעצטע צוויי חדשים האָ־בען מיר מעהר ניט, ווי איין רייזענדען?

ד ו ר א נ ד. דאָס איז אמת. אבער איך מיין, אז אנעטע וואָלט אויך געקענט גאנץ גוט ברענגען דאָס ברויט.

אַ ד ע ל א. דאָס הייסט, פאלשטענדיג רואינירען דעם קרעדיט פון הויז! אָבער אודאי, קיין אנדער זאך, ווי דאָס, האָסטו דאָך קיינמאָהל ניט געטהאָן.

ד ו ר א נ ד. אויך דו, אדעלא!

א ד ע ל א. אויך איך בין מיעד געווארען. עס איז א סוף אויך צו מיין געדולד.

ד ו ר א נ ד. יא, דאָס איז אמת, דו ביזט געווען גאנץ מענש־ליך צו מיר, ווען טהערעזא און אנעטע האָבען מיך געפּייניגט. מירביידע האָבען זיך געמוטשעט אויסצוהאַלטען דאָס הויז זינט די מאַ־

מע איז געשטאָרבען. דו האָסט געמוזט זיצען ווי א שקלאַווין אין קיך, און איך האָב געמוזט בעדיענען, קעהרען, בערשטען, הייצען, בעזאָרגען יעדע זאַך; דו ביזט מיעד, טו וואָס זאָל איך שוין זאָגען?

א ד ע ל א. דו טאָרסט ניט מיעד ווערען, דו האָסט נאָך דריי קינדער, וועלכע זיינען ניט פערזאָרגט, און וועמענס נדן דו האָסט פערטהאָן!

ד ו ר א נ ד (האָרכט). ווייזט זיך דיר ניט אויס, ווי דו וואָלסט הערען קלאַנגען פון א גלאָק און אַ טומעל, וואָס קומט פון'ם וועג נאָך קוללי? זאָל דאָרט האָבען אויסגעבראָכען אַ פייער, זיינען זיי פערלוירען, ווייל עס קומט אַ ווינד־שטורם. איך האָב דאָס געזעהן אויפ'ן ים.

א ד ע ל א. האָסטו די פייער־פערזיכערונג פון אונזער הויז בעצאָהלט?

ד ו ר א נ ד. יא, איך האָב בעצאהלט; ווען ניט, וואָלט מיר די באַנק ניט געליהען די לעצטע געלד צום איינצאָהלען אויפ'ן הויז.

א ד ע ל א. ווי גרויס איז דער ווערטה־טהייל פון אונזער הויז, וואָס איז נאָך ניט פער'משכנ'ט?

ד ו ר א נ ד. אַ פינפטעל פון דעם פערזיכערונגס־ווערטה, אָבער דו ווייסט דאָך, ווי שטאַרק גרונד־אייגענטהום איז געלאַפען, ווען די אייזענבאהן־ליניען זיינען געצויגען געוואָרען אין מזרח־זייט אַנ־שטאָט פערביי אונזער הויז.

א ד ע ל א. אויב אַזוי, וואָלט עס דאָך געווען ממש אַ גליק...

ד ו ר א נ ד (שטרענג). אדעלא! (פויזע) ווילסטו ניט אויס־לעשען דאָס פייער אין אויווען?

א ד ע ל א. איך קען ניט, ביז מ'וועט ניט ברענגען דאָס ברויט.

ד ו ר א נ ד. אַט קומט עס שוין! (פיער קומט אריין מיט אַ קאָרב אין האַנד, אַדעלא זוכט אין קאָרב).

א ד ע ל א. ער האָט גאָר ניט געבראַכט קיין ברויט! ער האָט געבראַכט א רעכנונג, צוויי, דריי רעכנונגען!

פ י ע ר. יע, דער בעקער האָט געזאָגט, ער וועט מעהר ניט

שיקען, ביז מ'וועט איהם ניט בעצאָהלען דעם חוב, וואָס מען איז איהם שולדיג. און ווען איך בין פארביינעגאַנגען די יאַטקע און דעם קרעמער, האָבען זיי מיר צוגעוואָרפען דיזע רעכנונגען. (געהט אָב).

א ד ע ל א. אָה, גאָט אין הימעל, דאָס איז שוין די ענדע פון אונז! אָבער וואָס איז דאָס? (עפענט א פעקעל).

ד ו ר א נ ד. דאָס זיינען ליכט, וועלכע איך האָב געקויפט צו דער קירכען־דיענסט פאר מיין געליעבטען ר ע ן. עס איז היינט דער יאָהר־צייט זיינער.

א ד ע ל א. אָט וואָס דו האָנדעלסט איין!

ד ו ר א נ ד. דאָס איז פאר מיין טרינק־געלד; דענקסטו ניט, אז עס איז שוין גענוג ערנידערונג, ווען איך דארף אויסשטרע־קען די האנד, ווען יעדער רייזענדער פערלאָזט אונז?... ערלויבסט מיר ניט דאָס איינציגע פערגעניגען צו געניסען מיי טרויער איין מאָל אין יאָהר? צו קענען לעבען אין די עראינערונגען פון דאָס שעהנסטע, וואָס דאָס לעבען האָט מיר געשאָנקען?

א ד ע ל א. וואָלט ער נאָך יעצט געלעבט, וואָלסטו שוין געזעהן, ווי ער וואָלט געוועזן.

ד ו ר א נ ד. ס'קען זעהר מעגליך זיין, אז דיין איראָניע זאָל האָבען אין זיך עטוואָס ערנסטעס. דערווייל אָבער, ווי איך געדענק איהם, איז ער ניט געוועזן אזוי, ווי איהר זיינט יעצט.

א ד ע ל א. ווילסטו ניט אזוי גוט זיין, און אליין אויפנעה־מען העררן אנטאָניאָ, ווען ער וועט קומען און דארפען טרינקען זיין קאַווע אָהן ברויט? — אָה, ווען די מאַמע וואָלט נור געלעבט! זי האָט זיך תמיד געקענט געבען אן עצה, ווען דו פלעגסט ניט ווי־סען וואָס צו טהאָן.

ד ו ר א נ ד. דיין מוטער האָט געהאַט איהרע מעלות.

א ד ע ל א. און דו פלעגסט נור אימער־צו זעהן אין איהר די חסרונות.

ד ו ר א נ ד. הערר אַנטאָניאָ קומט! געה אוועק, און איך וועל מיט איהם רעדען.

א ד ע ל א. ס'וואָלט פיעל בעסער געווען, ווען דו וואָלסט

ערגעץ געהן און לייהען עפּעס געלד, אזוי, אז מ'זאָל קענען אויס־מיידען דעם סקאַנדאַל.

ד ו ר א נ ד. נאָכדעם ווי איך האָב געהאַלטען אין איין לייהען פאַר די לעצטע צעהן יאָהר, האָב איך מעהר ניט וואו צו לייהען אפילו א סו. זאָל אַלעס פערניכטעט ווערען, אַלעס, אַלעס מיט איינמאָל, אבי עס זאָל נור נעהמען א סוף דערצו!

א ד ע ל א. א סוף פאַר דיר, יע! אָבער ווען אונז דענקסטו קיינמאָל ניט!

ד ו ר א נ ד. ניין, איך האָב פון אייך קיינמאָל ניט געדענקט! קיינמאָל ניט!

א ד ע ל א. ערקלערסטו אונז יעצט ווידער אַן דער ער־ציהונג?

ד ו ר א נ ד. איך ענטפער נור אויף אַן אונגערעכטען פאָר־וואורף. געה יעצט, און איך וועל דעם שטורם לייז בעגעגענען, ווי געוועהנליך!

א ד ע ל א. ווי געוועהנליך — הם! (געהט אָב).

אַ נ ט אָ נ י א. (טרעט אריין דורך די מיטעל־טהיר). גוט מאָר־גען, הערר דוראַנד.

ד ו ר א נ ד. ווי איך זעה, האָט דער הערר לייטענאַנט שוין היינט געמאַכט א שפּאַציער?

אַ נ ט אָ נ י אַ. יע, איך בין געווען אַרונטער ביז קוללי... איך האָב געזעהן, ווי זיי האָבען דאָרט אויסגעלאָשען א פייער... און נאָך דעם לאַנגען שפּאַציער, האָף איך, וועט מיר די קאַווע גוט שמעקען.

ד ו ר א נ ד. איך ברויך אייך ניט צו דערצעהלען, ווי שמערצ־ליך איך פיהל, ווען איך מוז אייך זאָגען, אז אויס מאַנגעל אין איינגאַהמען, קען אונזער הויז לענגער דאָס געשעפט ניט אַנהאַלטען.

אַ נ ט אָ נ י א. וואָס מיינט איהר?

ד ו ר א נ ד. אפּען גערעדט, מיר זיינען באַנקראָט.

אַ נ ט אָ נ י אַ. אבער, מיין ליעבער הערר דוראנד, איז דען ניטאָ קיין מעגליכקייט אויף צו העלפען אין דיעזער, ווי איך האָף, פאַראיבערגעהענדער פערלעגענהייט?

ד ו ר א נ ד. ניין, עס איז ניטאַ קיין מעגליכקייט. די שטעלונג פון דעם הויז איז געוואָרען פאַר די לעצטע פאַר יאָהר אַזוי אונ־טערגראָבען, אַז איך וואָלט בעסער געוואָלט זעהן, עס זאָל צוזאַ־מען פאַלען, ווי צו פּלאָטערען טאָג און נאַכט אין שטענדיגער אונ־רוה איבער דאָס, וואָס עס מוז קומען.

אַ נ ט אָ נ י אַ. אָבער דאָך, איך גלויב, אַז איהר זעהט די זאַך פיעל צו שוואַרץ.

ד ו ר א נ ד. איך ווייס ניט, וואָס קען איך מאַכען צווייפלען אין דעם אַלעס, וואָס איך האָב אייך דערצעהלט.

אַ נ ט אָ נ י אַ. ווייל איך וויל אייך העלפען.

ד ו ר אַ נ ד. איך וויל ניט, איהר זאָלט מיר העלפען! זאָל די נויטה קומען און לערנען מיינע קינדער פיהרען אַן אַנדער לע־בען, ווי דאָס איצטיגע, וואָס איז ניט מעהר ווי אַ שפּיעל; אַ הויז אַדעלאַ, וואָס אַרבייט דעם גאַנצען טאָג שווער אין קיך, וואָס טהו־ען די אַנדערע? זיי שפּיעלען, זינגען, שטיפען, געהען שפּאַציערען, און אַזוי לאַנג, ווי אין הויז וועט זיך נאָך געפינען אַ שטיקעל ברויט וועלען זיי קיין ניצליכע זאַך ניט טהאָן.

אַ נ ט אָ נ י אַ. עס קען זיין, אָבער ביז אַלעס וועט זיך איינ־אָרדנען, דאַרפען מיר דאָך האָבען ברויט אין הויז. ערלויבט מיר ביי אייך צו בלייבען נאָך אַ מאָנאַט, און איך וועל אייך בעצאָה־לען דאָס קוואַרטיר־געלד פאָראויס.

ד ו ר א נ ד. ניין, איך דאַנק אייך. ווען עס זאָל מיר אפילו קאָסטען מיין לעבען, מוז דערצו אַז ענדע נעהמען. איך וויל מעהר ניט אַנהאַלטען אַזאַ געשעפט, פון וועלכען מען האָט ניט מעהר ווי ערנידרונגען; שטעלט זיך נור פאָר, לעצטען פריהלינג איז דאָס הויז דאָ געשטאַנען דריי מאָנאַטען ליידיג, דאַן איז ענדליך געקומען אַן אַמעריקאַנער פאַמיליע און האָט אונז גערעטעט. אויף מאָרגען נאָך זייער קומען, זעה איך, ווי דער זוהן האָט אויף די טרעפּ מיין טאָכ־טער — ס'איז געווען טהערעזאַ — אַרומגענומען און זי געוואָלט קו־שען. וואָס וואָלט איהר געטהאָן, ווען איהר וואָלט געווען אויף מיין פּלאַץ?

אַ נ ט אָ נ י אַ. (פערלעגען). איך ווייס ניט!...

ד ו ר א נ ד. איך ווייס, וואס איך, אלס א פאטער, האב גע־דארפט טהאן — אבער ווי א פאטער דארף טהאן. האב איך ניט גע־טהאן. אבער ווען אזא זאך זאל פאסירען א צווייטען מאל, וועל איך שוין וויסען, וואס איך האב צו טהאן.

א נ ט א נ י א. טאקי דערפאר, דענק איך, דארפט איהר גוט איבערטראכטען, וואס איהר טהוט, און אייערע קינדער ניט איבער־לאזען, ווי אויפ'ן וואסער...

ד ו ר א נ ד. הערר אנטאניא, איהר זיינט א יונגער מענש, וועלכער האט, איך ווייס אליין ניט פאר וואס געוואונען מיין סימפא־טיע. צו איהר ווייסט דאס צו שעצען, אדער ניט, וויל איך אייך אבער בעטען נור איין זאך: האלט זיך צוריק מיט אייער מיינונג וועגען מיר און מיין האנדלען.

א נ ט א נ י א. איך פערשפרעך דאס אייך. ווען איהר וועט מיר נור ענטפערען אויף מיין פראגע: זיינט איהר א געבוירענער שווייצאר אדער ניט?

ד ו ר א נ ד. איך בין א שווייצער בירגער!

א נ ט א נ י א. דאס ווייס איך, אבער איך פרעג, אויב איהר זיינט געבוירען אין דער שווייץ?

ד ו ר א נ ד. (אונזיכער). יע.

א נ ט א נ י א. איך פרעג נור, ווייל—עס אינטערעסירט מיך. דערוויילע אבער, אזוי ווי איך מוז אייך גלויבען, ווען איהר זאגט, אז אייער הויז דארף פערמאכט ווערען, וויל איך אייך בעצאהלען, וואס איך בין אייך שולדיג, עס איז טאקע ניט מעהר ווי צעהן פראנק, אבער איך קען דאך ניט אוועקפאהרען, ניט האבענדיג בעצאהלט, וואס איך בין שולדיג.

ד ו ר א נ ד. איך ווייס ניט אויף זיכער, אויב איהר זייט מירווירקליך שולדיג אזא חוב, ווייל איך פיהר ניט די רעכנונגען; האט איהר מיך אבער בעטראגען, וועט איהר דארפען ענטפערען דארויף! — — איצט געה איך נאך ברויט — און נאכהער וועלען מיר שוין אויסגעפינען. (געהט אב).

(אנטאניא בלייבט אליין. באלד קומט אריין טהערעזא מיט א מוזי־פאסטקע אין האנד. זי טראגט א מארגען־קלייד, איהרע האר זיינען

צואווארפען).

ט ה ע ר ע ז א. זעה, דא איז אנטאניא! און מיר האט זיך אויסגעדאכט, אז איך הער דעם אלטען.

אַ נ ט אָ נ י א. יע, ער איז ערשט אוועק, נאך ברויט.

ט ה ע ר ע ז א. ערשט איצט איז ער געגאנגען נאך ברויט? איך זאג דיר, עס איז פון איהם ניט אויסצוהאלטען.

אַ נ ט אַ נ י אַ. ווי שעהן דו ביזט היינט, טהערעזא, נור די מייז־פאסטקע פאסט דיר ניט, זי איז גאר ניט ווערטה.

ט ה ע ר ע ז א. זי טויג זא ווי זא צו גאר ניט, זי איז געשטאנען אויפגעשטעלט א גאנצען מאנאט און האט גאר ניט געכאַפּט, אבער די צוציהונגס־שפּייז איז אויפגעפרעסען געווארען יעדען פריה־מארגען; האסטו ניט געזעהן מימי'ן?

אַ נ ט אַ נ י אַ. דיין טייפלישע קאץ? זי געפינט זיך דא אימער פון אין דער פריה ביז אויף דער נאכט, נור היינט, א דאנק גאט, האב איך זי ניט געזעהן.

ט ה ע ר ע ז א. דו דארפסט רעדען אַביסעל שעהנער פון דער אבוועזענדער, און פערגעס ניט, ווער עס ליעבט מיך, דארף אויך ליעבען מיין קאץ. (זי שטעלט די מייז־פּאסטקע אויפ'ן טיש און נעהמט פון אונטער'ן טיש א ליידיג טעלעריל). אדעלא, אדעלא!

א ד ע ל א. (אין דער קיך־טהיר). וואס בעפעהלט די פּרינצעסין אזוי הויך?

ט ה ע ר ע ז א. איך בעפעהל מילך פאר די קאץ און א שטיקעז פאר דיינע מייז!

א ד ע ל א. דאס קענסטו זיך אליין נעהמען!

ט ה ע ר ע ז א. אזוי ענטפערט מען א פּרינצעסין?

א ד ע ל א. ווי מען פרעגט, אזוי ענטפערט מען. א חוץ דעם, דארפסטו קריגען פאר ווייזען זיך פאר פרעמדע מענשען מיט די פערקעמטע האר.

ט ה ע ר ע ז א. זיינען מיר דען דא ניט אַלע אַלטע בעקאַנטע? געה דו, אנטאניא, און רעד גאנץ העפליך מיט טאַנטע אדעלא, ווען זי דיר געבען מילך פאר מימי'ן.

(אַנטאָניאַ קוויינקעלט זיך).

טהערעזא. נו, דו פאלגסט, אדער ניט?

אנטאניא. (קורץ). ניין!

טהערעזא. וואס איז דאס פאר א רייד? ווילסטו פיה־לען די שמיץ פון מיין רייט־בייטש.

אנטאניא. אה, נעה!

טהערעזא. (דערשראָקען). וואס איז דאס? ווילסטו כיך דערמאהנען אן מיין לאגע, מיין שולד, און מיין שוואכקייט?

אנטאניא. ניין, איך וויל דיך נור דערמאהנען אן מיין לאגע, מיין שולד און מיין שוואכקייט.

אדעלא. (נעהמט די מילך־שאַל). וואס איז דאס? וואס ווער־טעלט איהר אייך איינע מיט'ן צווייטען? לעבט גוט און איך וועל אייך דערפאר געבען גוטע קאווע. (געהט אַב אין קיך).

טהערעזא. (ווייגענדיג, צו אַנטאָניאַ). איך זעה, איך בין דיר שוין נמאס געווארען, און דו דענקסט מיך איבערצולאזען.

אנטאניא. דו טארסט ניט וויינען, ווייל דערפון ווערען דיינע אויגען העסליך.

טהערעזא. אה, ווען זיי זיינען ניט אזוי שעהן, ווי אנעטע'ס...

אנטאניא. ביזט שוין ווידער דא מיט אנעטע'ן, אבער הער נור, שפאס אן א זייט, איך דענק, אז די קאווע לאזט אויף זיך צו לאנג ווארטען...

טהערעזא. איך שטעל זיך פאר, וואס פאר א טהייערער מאן דו וועסט זיין, אז דו האסט ניט קיין געדולד צו ווארטען אן אויגענבליק פאר דיין קאווע.

אנטאניא. און ס'ארא ליעבליך ווייבעל דו וועסט זיין, אז פאר יעדע נארישקייט, וואס דו וועסט בעגעהן, וועט אימער דיין מאן זיין שולדיג.

אנעטע. (קומט אריין אַנגעקליידעט אין פארקאמט). מיר האט זיך אויסגעדאכט, אז איהר קריעגט זיך שוין גלייך אויפ'ן פריה־מארגען.

אנטאניא. זעה, דאס איז אנעטע, זי איז שוין אנגעקליי־דעט.

ט ה ע ר ע ז א. יע, אנעטע איז אויסגעצייכענט אין יעדען הינזיכט, און זי האט אויך א רעכט דערצו. זי איז דאך עפּעס על־טער פון מיר.

א נ ע ט ע. ווען דו וועסט ניט האלטען ס'מויל...

א נ ט א נ י א. נו, נו, טהערעזא, זיי א גוטע! (ער נעהמט איהר ארום מיט זיינע ארעמס און קושט איהר, דוראנד ערשיינט אין טהיר)

ד ו ר א נ ד. (ערשטוינט). וואס איז דאס?

ט ה ע ר ע ז א. (רייסט זיך ארויס פון זיינע ארעמס). וואס?

ד ו ר א נ ד. האבען מיינע אויגען פאלש געזעהן?

ט ה ע ר ע ז א. וואס האסטו געזעהן?

ד ו ר א נ ד. איך האב געזעהן, ווי דו האסט זיך געלאזט קושען פון א פרעמדען מאן.

ט ה ע ר ע ז א. ס'איז א ליגען.

ד ו ר א נ ד. האב איך מיינע אויגען פערלארען, אדער דו וואגסט מיר צו זאגען ליעגען אין די אויגען?

ט ה ע ר ע ז א. דו געהסט א צווייטען כאפּען פאר א ליגען! דו, וועלכער האסט פאר אונז און פאר דער גאנצער וועלט ער־קלעהרט, אז דו ביזט א געבוירענער שווייצאר, ווען דו ביזט גאר א פראנצויז?

ד ו ר א נ ד. ווער האט עס דיר געזאגט?

ט ה ע ר ע ז א. די מאמע האט עס געזאגט.

ד ו ר א נ ד. (צו אנטאניא). הערר ליטענאנט, אזוי ווי מיר האבען זיך שוין אבגערעכענט, בעט איך אייך צו פערלאזען דאס הויז זאפארט! ווען ניט...

ד ו ר א נ ד. וועט איהר דארפען וועהלען די וואפען!

א נ ט א נ י א. און איהר, אייך צו פערטהיידיגען, וועט מסתמא אויסוועהלען א וואפע, מיט וועלכער מען שיסט האזען.

ד ו ר א נ ד. ווען איך וועל זיך ניט בענוצען מיט מיין שטע־קען, וועל איך נעהמען די ביקס, מיט וועלכע איך האב זיך בע־נוצט אין דער לעצטער שלאכט.

ט ה ע ר ע ז א. דו האסט קיין שלאכט זיכער ניט מיטגע־מאכט — דו ביזט א דעזערטירטער.

ד ו ר א נ ד. דאָס האָט דיר אויך די מאַמע געזאָגט. איך קען זיך מיט א מת ניט ארומשלאָגען, אָבער פון א לעבעדיגען א מת מאַכען, דאָס קען איך יאָ. (ער הויבט אויף זיין שטעקען און לאָזט זיך צו אנטאָניאַ'ע. טהערעזא און אנעטע וואַרפען זיך צווישען זיי).

א נ ע ט ע. איבערלייג זיך וואָס דו טהוסט!

ט ה ע ר ע ז א. דו וועסט ענדיגען אויפ'ן עשאַפאָט!

אַ נ ט אָ נ י אַ. (ציהט זיך צוריק). אדיע, הערר דוראַנד, האלט מיין פעראכטונג — און מיינע צעהן פראנק.

ד ו ר א נ ד. (נעהמט ארויס א צעהן פראנק־שטיק פון זיין וועס־טעל־קעשענע און וואַרפט עס נאָך אַנטאָניאַ'ן). זייט פערשאָלטען מיט אייער געלד צוזאמען! שורקע!

ט ה ע ר ע ז ע און אַ נ ע ט ע (לויפען נאָך אַנטאָניאַ'ן). געהט ניט! פערלאָזט אונז ניט! ער וועט אונז טוידטען!

ד ו ר א נ ד. (צוברעכט זיין שטעקען אין צווייען). ווער עס קען אַזעלכען ניט טוידטען, דאַרף אליין אויך ניט לעבען!

אַ נ ט אַ נ י אַ. זייט געזונד! און איך האָף, אז איהר וועט נאָך דערמאָנען אייער לעצטען גאַסט. (געהט אָב).

ט ה ע ר ע ז א. אויף אזא ארט בעהאַנדעלסטו דיינע געסט? איז עס דען א חידוש, וואָס דאָס הויז איז צו גרונדע געגאַנגען?

ד ו ר א נ ד. וואָס פאַר א גאַסט, אזא בעהאַנדלונג! — — אָבער זאָג מיר, מיין קינד, האָב איך ניט ריכטיג געזעהן, אדער האָסטו ניט געזאָגט דעם אמת?

ט ה ע ז א. (בייז). וואָס?

ד ו ר א נ ד. דו ווייסט, וואָס איך מיין. און עס איז ניט די זאַך אליין, וועלכע קען זיין אונשולדיג — נור עס איז א פראַגע, אויב איך קען זיך נאָך פערלאָזען אויף מיינע חושים, דאָס אינטע־רעסירט מיך.

ט ה ע ר ע ז א. רעד בעסער פון עפּעס אַנדערש — רעד פון דעם, וואָס מיר וועלען היינט האָבען צו עסען און טרינקען. איב־ריגענס איז דאָס א ליגען, ער האָט מיך געקושט.

ד ו ר א נ ד. אום הימעל'ס ווילען! איך האָב דאָס אליין געזעהן!

ט ה ע ר ע ז א. איבערצייג עס!

ד ו ר א נ ד. דאס איבערצייגען! מיט צוויי עדות, אדער מיט א פאליציסט? (צו אנעטע'ן). אנעטע, מיין קינד, ווילסטו מיר זאגען דעם אמת?

אַ נ ע ט ע. איך האב גאר ניט געזעהן.

ד ו ר א נ ד. דאס איז ריכטיג געענטפערט... ווייל אויף א שוועסטער טאהר מען קיינמאל ניט אויסזאגען — ווי עהנליך דו ביזט היינט צו דיין מוטער, אנעטע.

אַ נ ע ט ע. דו זאלסט ניט וואגען צו רעדען קיין איין שלעכט ווארט אויף דער מאמע'ן, דו הערסט!

(אדעלע קומט אריין מיט א גלאָז מילך און שטעלט עס אוועק אויפ'ן טיש).

א ד ע ל א. (צו דוראנד). דא האסטו דיין מילך. און וואס הערט זיך וועגען ברויט?

ד ו ר א נ ד. פונ'ם ברויט, מיינע קינדער, איז גארניט געוואָרען. עס וועט אלעס געהן, ווי עס איז ביז יעצט געגאנגען.

ט ה ע ר ע ז א. (רייסט ארויס דאס גלאָז מילך פון פאָטער). דו זאלסט קיין זאך ניט קריגען. דו, וועלכער ווארפסט אוועק געלד, און דיינע קינדער מוזען הונגערען.

א ד ע ל א. געלד ווארפט ער אוועק, דער שופט! האט מען איהם ניט געדארפט אריינזעצען אין משוגעים־הויז, ווען די מאַמע האט געזאגט, אז ער איז רייף דערצו! זעה, דא איז נאך א רעכנונג, וועלכען מען האט געבראכט דורך דער קיך.

(דוראנד זעהט דורך די רעכנונג און צוקט דערביי צוזאמען, דאן גיסט ער אָן אַ גלאָז וואסער און טרינקט עס אויס, זעצט זיך און פער־רויכערט זיין ליולקע).

אַ נ ע ט ע. אבער טאַבאַק רויכערען — דאס קען ער!

ד ו ר א נ ד. (מיעד און אונטערטהעניג). געליעבטע קינדער, דער טאבאק קאסט אייך ניט מעהר, ווי דאס וואסער, וואס איך האב ערשט אויסגעטרונקען. איך האב איהם געקראגען געשאנקען נאך מיט א האלב יאהר צוריק; רעגט אייך ניט אויף אומזיסט.

ט ה ע ר ע ז א. (נעהמט פון איהם אוועק די שוועבעלאך). דאן

זאלסטו וועניגסטענס ניט אויסניצען די שוועבעלאך...

ד ו ר א נ ד. אך, טהערעזא, וויפיעל שוועבעלאך האב איך פון דיינעט וועגען אויסגענוצט, ווען איך פלעג אויפשטעהן אין מיטען דער נאַכט אכטונג צו געבען, אויב דו האסט פון זיך ניט ארונטערגעוואָרפען די קאָלדרע, און וויפיעל מאָל, אנעטע, פלעג איך דיר דערלאַנגען אין געהיים וואסער, ווען דו ביזט דורשטיג געווען, ווייל דיין מוטער איז געווען מיט דער מיינונג, אז וואסער איז שעדליך פאר קליינע קינדער.

ט ה ע ר ע ז א. אָה, דאָס איז שוין לאַנג צוריק. איבעריגענס, איז דאס געווען ניט מעהר ווי דיין פליכט, ווי דו אליין האסט געזאגט.

ד ו ר א נ ד. דאָס איז עס געווען, דאָך איך האב ערפיהלט מיין פליכט, און נאָך א ביסעלע מעהר ווי מיין פליכט!

א ד ע ל א. נו, זעה ווייטער צו טהאָן דיין פליכט! ווען ניט, וועך ווייס וואָס פון אונז קען ווערען. דריי יונגע מיידלאך, פערלאָזען, אהן א היים, אהן פריינד, אהן מיטלען צום לעבען — ווייסטו, צו וואָס די נויטה קען איינעם טרייבען?

ד ו ר א נ ד. דאָס האב איך געזאגט מיט צעהן יאָהר צוריק, אבער קיינער האט מיך ניט געוואָלט הערען. איך האב נאָך געזאגט מיט צוואנציג יאָהר צוריק, אז דיזע שטונדע וועט מוזען קומען, אבער איך האב ניט געקענט פערהינדערען, אז זי זאָל ניט קומען; איך בין געזעסען, ווי אן איינזאמער קאנדוקטאָר אויף א שנעל־צוג, געזעהן ווי ער געהט אין אבגרונד, און האב ניט געקאָנט צוקומען צו די מאשין־הענטלאך, איהם אבצושטעלען.

ט ה ע ר ע ז א. און יעצט פערלאנגסטו נאָך א דאַנק פון אונז, וואָס דו האסט אונז צו גרונד געריכטעט!

ד ו ר א נ ד. ניין, מיין קינד, איך פערלאנג נור, איהר זאָלט אביסעל בעסער זיין צו מיר, איהר האט סמעטענע פאר דער קאַץ, אבער פאר אייער טאַטען, וועלכער האט שוין אזוי לאנג ניט גע־געסען, זשאלעוועט איהר אביסעל מילך.

ט ה ע ר ע ז א. אָה, דו ביזט עס געווען דער, וואס פלעגסט אויסטרינקען דער קאַץ'ס מילך!

ד ו ר א נ ד. יע, דאָס בין איך געווען.

א ַנ ע ט ע. און פּיליכט איז דאָס אויך געווען ער, וואָס פּלעגט אויפּעסען די שפּייז אין דער מייז־פּאַסטקע?

ד ו ר א נ ד. יע, דאָס איז אויך געווען ער.

א ד ע ל א. אזא...

ט ה ע ר ע ז א. (לאַכט). דענק נור, ווען עס זאָל דרינען גע־ווען גיפט?

ד ו ר א נ ד. דו מעגסט זאָגען, עס איז א שאַד, וואָס ס'איז ניט געווען.

ט ה ע ר ע ז א. אַ, דו וואָלסט צו קיינעם קיין טענות ניט געקאָנט האָבען; דו האָסט דאָך שוין א סך מאָל געזאָגט, אז דו וועסט זיך שיסען, דו האָסט עס אָבער ניט געטהאָן.

ד ו ר א נ ד. נו, דאָס איז א דירעקטער פאָרוואורף. אָבער, ווייסט איהר, וואָרום איך האָב עס ניט געטהאָן? ווייל איך האָב איך ניט געוואָלט לאָזען, ווי אויפ'ן וואַסער, מיינע ליעבע קינדער. אַלזאָ, האָסט נאָך עפּעס בייזעס צו רעדען, רעד, דאָס איז פאַר מיר, ווי איך וואָלט הערען מוזיק, בעקאַנטע טענער, פון די גוטע צייטען.

א ד ע ל א. הער אויף צו רעדען, ווייל פון דיינע רייד וועט גאָר ניט ארויסקומען, טהו בעסער עפּעס, טהו עפּעס!

ט ה ע ר ע ז א. ווייסטו, וואָס פון אונז קען ווערען, ווען דו זאָלסט אונז אזוי איבערלאָזען?

ד ו ר א נ ד. איך וויים, איהר וועט ווערען פּראָסטיטוטקעס. אייער מוטער פּלעגט דאָס שטענדיג זאָגען, ווען זי פּלעגט פערשווענ־דען איהר ווירטשאַפטסגעלד!

א ד ע ל א. שווייג! און רעד ניט קיין איין שלעכט וואָרט איבער אונזער טהייערער, געליעבטער מוטער.

ד ו ר א נ ד. (מורמעלט פאר זיך). עס ברענט א ליכט אין דיזען הויז, און איז עס אויסגעברענט האָט עס זיין ציעל עררייכט. דער ציעל זאָל עס הייסען, און דאן זאָל קומען דער שטורם מיט א גרויסען קראַך. יאָ! — ניין.

(אין דרויסען איז געוואָרען א ווינד און עס ווערט וואָלקענדיג).

ד ו ר א נ ד. (שפּרינגט אויף. צו אדעלע'ן). לעש אויס דאָס

פייער אי אוויווען! דער שטורם־ווינד קומט!

א ד ע ל א. (קוקט איהם אין די אויגען ארייז). ניין, עס קומט ניט קיין שטורם־ווינד.

ד ו ר א נ ד. לעש אויס דאָס פייער אין אויוועז! ווען דאָס פייער זאָל זיך דאָ אנפאנגען, בעקומען מיר גאָרניט פון דער פערזיכערונג! לעש אויס דאָס פייער זאָג איך! לעש דאָס אויס!

א ד ע ל א. איך פערשטעה דיך ניט!

ד ו ר א נ ד. (קוקט איהר אין די איגען און נעהמט איהר פאר'ן האַנד). פאָלג מיר נור יעצט, טהו ווי איך זאָג דיר.

(אדעלא געהט אין קיך, די טהיר בלייבט אָפען).

ד ו ר א נ ד. (צו טהערעזאַ'ן און אנטאָניאָ'ן). געהט ארויף און פארמאכט אייער פענסטער, קינדער, און זעהט. עס זאָל דאָרט קיין צוג ניט זיין! אבער צוערשט קומט אהער און גיט מיר יעדע א קוש ווייל איך געה אבריייזען — — אום צו קריגען געלד פאר איך.

ט ה ע ר ע ז א. קענסטו ערגעץ קריגען געלד?

ד ו ר א נ ד. איך האָב א לעבענס־פערזיכערונגס פאליסי וועלכע איך דענק מאכען צו געלד.

ט ה ע ר ע ז א. וויפיעל קענסטו קריגען אויף איהר?

ד ו ר א נ ד. זעקס הונדערט פראנק, ווען איך פערקויף זי, און פינף טויזענד ווען איך שטאַרב. (טהערעזא פערלעגען). זאָג מיר, מיין קינד, — ניין, מיר דאַרפען ניט זיין גרויזאם, ווען עס איז ניט נויטיג — זאָג מיר, פיהלסטו זיך טאקי אזוי צוגעבונדען צו אנטאָניאָ'ן, אז דו וואָלסט זיך פיהלען אונגליקליך, ווען דו וואָלסט איהם ניט קענען האָבען?

ט ה ע ר ע ז א. אָך, יאָ!

ד ו ר א נ ד. דאן זאָלסטו מיט איהם הייראטען, דאָס הייסט, אויב ער ליעבט דיך; אבער דו טאָרסט ניט שלעבט זיין געגען איהם ווען ניט, וועסטו זיין אונגליקליך. זיי געזונד, מיין טהייער קינד. (נעהמט איהר ארום און קושט איהרע באַקען).

ט ה ע ר ע ז א. אָבער דו דאַרפסט ניט שטאַרבען, פאפא, דו דאַרפסט ניט.

ד ו ר א נ ד. פערגינסטו מיך ניט, זיך אויסצורוהען אין פריע־

ט ה ע ר ע ז א. נו, ווען דו ווינשט עס אליין! — פערצייה מיר, טאַטע. יעדע שלעכטע האנדלונג, וואס איך בין געגען דיר בע־גאנגען.

ד ו ר א נ ד. נאַרישקייטען, מיין קינד.

ט ה ע ר ע ז א. אָבער קיינער איז צו דיר ניט געווען אזוי שלעכט, ווי איך.

ד ו ר א נ ד. איך האָב דאָס ווייניגער בעמערקט, ווייל איך האָב דיך אַם בעסטען געליעבט, וואָרום, ווייס איך ניט. נו, יעצט געה און פערגעסט ניט צו פערמאַכען די פענסטער.

ט ה ע ר ע ז א. דאַ האסטו שוועבעלאך, פּאַפּאַ! און דאַ האַס־טו דיין מילך.

ד ו ר א נ ד. (שמייכלענדיג). דו, קינד.

ט ה ע ר ע ז א. וואָס קען איך טהאָן, איך האָב קיין אנדער זאך דיר צו געבען.

ד ו ר א נ ד. דו האָסט מיר, אלס קינד, זעהר פיעל פרייד גע־געבען, אזוי, אז דו ביזט מיר קיין זאך ניט שולדיג. געה יעצט, און גיב מיר נור איין פריינדליכען בליק, ווי דו פלעגסט עס טהאָן אַמאָל...

(טהערעזא געהט, קעהרט זיך אום און וואַרפט זיך אין זיינע אַרעמס).

ד ו ר א נ ד. נו, אזוי איז גוט, מיין קינד, אזוי איז שוין גוט! (טהערעזא לויפט ארויס).

ד ו ר א נ ד. זיי געזונד, אנעטע.

א נ ע ט ע. דו ווילסט אוועקפאַהרען? איך ווייס קיין זאך ניט.

ד ו ר א נ ד. יאָ, איך וויל אוועקפאַהרען.

א נ ע ט ע. אָבער ועסטו ווידער צוריקקומען, פּאַפּאַ!

ד ו ר א נ ד. קיין מענש איז ניט זיכער, אויב ער וועט דער־לעבען דעם מאָרגענדיגען טאָג. יעדענפאַלס, קענען מיר זיך זאָגען: זיי־געזונד.

א נ ע ט ע. נו, אויב אזוי, זיי געזונד! און איך ווינש דיר א גליקליכע רייזע, און זעה, פערגעס אויך ניט דאָרט עפּעס צו קויפען פאַר אונז, ווי דו פלעגסט עס טהאָן אלע מאָל.

ד ו ר א נ ד. און דו געדענקסט עס נאָך, כאָטש עס איז שוין

אזוי לאנג, ווי איך האָב אייך קיין זאך ניט געקויפט? נו, אדיע, אנעטע. (אנעטע אָב. דוראנד מורמעלט פאר זיך):

„אין גוטען און אין בייזען,
וועלען גרויס און קליין
אָבשניידען דאָס, וואָס דו
האָסטו פערזעעט מיט געוויין".

(אדעלא קומט אריין).

ד ו ר א נ ד. אדעלא, יעצט מוזטו מיך הערען און פערשטעהן! — דאָס, וואָס מיינע אויסדריקע וועלען זיין א ביסעל פערשטעלט, איז עס נור דערפאר, ווייל איך וויל שאנעווען דיין געוויסען; זיי רוהיג, די קינדער האָב איך ארויפגעשיקט אין זייערע צימערען. צוערשט זאָלסטו מיך פרעגען: האָסטו א לעבענס־פאליסי? נו?

א ד ע ל א. (פרעגט אונזיכער). האָסטו א לעבענס פאליסי?

ד ו ר א נ ד. ניין, איך האָב געהאָט, אבער איך האָב זי שוין לאנג פערקויפט, ווייל מיר האָט זיך אויסגעוויזען, אז אימיצער ווארט אונגעדולדיג אויף דער אויסצאהלונג. איך האָב אָבער א פייער פאליסי — זעה, דאָ זיינען די פאפירען. בעהאלט זיי גוט. — איצט וויל איך דיך עפּעס פרעגען: — ווייסטו, וויפיעל נשמה־ליכט עס געהט אין א פונט, וואָס פרייזט זיך פינף און זעכציג סאנטימען?

א ד ע ל א. גרויסער גאָט!

ד ו ר א נ ד. (נעהמט ארויס זיין זייגער). אין פינף אדער זעקס מינוטען וועט אלעס זיין ארונטערגעברענט!

א ד ע ל א. ניין.

ד ו ר א נ ד. יאָ, זעהסטו דען אן אנדער אויסזיכט אין דיזע פינסטערנים?

א ד ע ל א. ניין.

ד ו ר א נ ד. אלזאָ, מוז עס דאָך אזוי זיין. און איצט, הער מיך אויס. אויב הערר דוראנד וועט אוועקגעהן פון דער וועלט אלס א (געהיימניספאָל) אונטערצינדער, איז עס ניט אזוי געפעהרליך, אָבער זיינע קינדער זאָלען וויסען, אז ביז ער איז דאָס גע־

ווארען, איז ער געווען אין עהרענהאפטער מאַן. — נון, איך בין אויך געבוירען אין פראנקרייך — אַבער איך האָב דאָך דאָס ניט געדארפט דערצעהלען יעדען לומפ!... ס'האָט זיך געמאַכט, איי־דער איך בין נאָך געגוג אלט געווען, צו שטעהען צום פריזיור, האָב איך זיך פערליעבט אין דער, וועלכע איז נאכהער געוואָרען מיין פרוי, און אום מיר זאָלען קענען הייראטהען, זיינען מיר געקומען אהער און מיר זיינען געוואָרען היגע בירגער. און ווען די לעצטע קריעג האָט אויסגעבראָכען און עס האָט אויסגעוויזען, אז איך וועל דארפען טראָגען די וואפען געגען מיין אייגע לאנד, בין איך צו־ריק אוועק נאָך פראנקרייך או בין געגאנגען אלס גוטער שיסער געגע די דייטשען. איך בין ניט קיין דעזערטירטער, ווי דו האָסט עס געהערט, זאָנדערען די מאַמע האָט די גאנצע געשיכטע אויסגע־טראַכט.

א ד ע ל א. די מאַמע האָט קיינמאָל קיין ליגען ניט געזאָגט!

ד ו ר א נ ד. זעה, יעצט שטעהט ווידער דער מת צווישען אונז. מען קען זיך מיט טוידטע ניט איבערצייגען, אַבער איך שווער, אז אלעס, וואָס איך זאָג, איז אמת. און וואָס אייער נדן, דאָס הייסט, אייער מוטער'ס ירושה, אנבעטרעפט, איז דער אמת דערפון דער: — צוערשט האָט אייער מוטער דורך פערשווענדונג און נארישע ספעקולאציאָן צו גרונד געבראכט אלעס, וואָס איך האָב פערמאָגט, אזוי, אז איך האָב געמוזט פערלאָזען מיין אמט, און עפענען דאָס לאָדזשינג־הויז, דערפאר איז נאכהער א טהייל פון אייער געלד אויסגעגעבען געוואָרען פאר אייער ערציהונג, און דאָס קען מען דאָך ניט רעכענען אלס ארויסגעוואָרפען. — און עס איז אויך ניט אמת וואָס...

א ד ע ל א. ניין, ניט דאָס האָט די מאַמע געזאָגט אויף איהר טוידטען־בעט...

ד ו ר א נ ד. דאָן האָט דיין מוטער געזאָגט ליגען אויף איהר טוידטען־בעט, ווי זי האָט עס געטהאָן איהר גאנצען לעבען; און דאָס איז די קללה, וועלכע פערפאָלגט מיך, ווי א בייזער גייסט. וויפיעל האָט איהר מיך געפייניגט מיט די דאָזיגע ליגענס! איך האָב ניט געוואָלט זעהן אונצופריעדענהייט אין אייערע יונגע לע־

בענס, איך האב אייך ניט געוואלט מאכען צווייפלען אין אייער מוטער'ס גרויסקייט, דערפאר האב איך געשוויגען. איך בין געווען איהר קרייץ־טרעגער אונזער גאנצען פערהייראטהען לעבען, געטראגען אויף מיין רוקען אלע איהר שולדען, גענומען אויף זיך אלע פאל־גען פון איהרע שלעכטע טהאטען, ביז איך האב אנגעפאנגען דענ־קען, אז איך אליין בין דער שולדיגער, און זי איז אויך ניט געווען פויל זיך צו האלטען צוערשט אונשולדיג, און נאכהער אויך אלס דער קרבן. און ווען זי פלעגט זיך פערפלאנטערען אין עפעס א גע־שיכטע און ניט געוואוסט, ווי זיך ארויסצופלאנטערען, פלעג איך זאגען: „ווארף נור די שולד אויף מיר“, און זי האט געווארפען און איך האב געטראגען! און וואס מעהר דאנקבארקייט זי האט גע־פיהלט צו מיר, אלץ מעהר האט זי מיך אנגעפאנגען צו האסען; צו־לעצט האט זי אויך געלערענט די קינדער מיך צו פעראכטען, ווייל זי האט געברויכט שטיצע אין איהר שוואכקייט. ווען זי איז גע־שטארבען, האב איך געגלויבט, אז דיזער שלעכטער, אבער שוואכער גייסט וועט אויך אבשטארבען. דאס שלעכטע אבער לעבט און וואקסט, ווי א קראנקהייט, ווערענד דער געזונד בלייבט שטעהען אויף א געוויסען פונקט, ביז ער הויבט אן צו געהן ריקווערטס. יעדעס מאל, ווען איך פלעג וועלען ענדערען דאס שלעכטע אין דיע־זען הויז, פלעגט איהר מיך בעגעגענען מיט די ווערטער: די מאמע — אזוי האט געזאגט די מאמע!“... און אלעס, וואס זי האט גע־זאגט, איז ביי אייך געווען היילינ. מיך האט איהר געהאלטען פאר א נאר, ווען איך בין גוט געווען, פאר א ווארים, ווען איך בין פיין־פיהלענד געווען, און פאר א שופט, ווען איך האב אייך אלעס נאכ־געגעבען און געלאזט רואינירען דאס הויז.

א ד ע ל א. סע איז זעהר שעהן אנצורעדען אויף א טוידטע, וועלכע קען זיך ניט פערטהיידיגען!

ד ו ר א נ ד. (רעדט זעהר שנעל, מיט א הויכע שטימע). איך בין נאך ניט טוידט; אבער איך וועל עס באלד זיין, ווערסטו מיך נאכהער פערטהיידיגען? — ניין, דאס ווערסטו גאר ניט בעדארפען. דו זאלסט נור פערטהיידיגען דיינע שוועסטער. גיב אכטונג אויף מיינע קינדער, אדעלא. האלט א מוטערליכעס אויג אויף טערעזא'ן.

זי איז די אינגסטע און די לעבעדיגסטע, געשווינד צום גוטען און צום בייזען, לייכטזיניג, אבער שוואך. זעה אויב עס וועט נור מעג־גליך זיין, זאל זי וואס שנעלער חתונה האבען. יעצט פיהלט זיך דא א ריח פון ברענענדיגע שטרוי.

א ד ע ל א. גאט, בעשיץ אונז!

ד או ר א נ ד. (טרינקט פון גלאז). דאס טהוט ער! און פאר אנעטע'ן זאלסטו זעהן צו קריגען א שטעלע אלס לעהרערין, אזוי, אז זי זאל קענען ארויס אין דער וועלט און אין גוטער געזעלשאפט. דאס געלד, וואס דו וועסט קריגען, זאלסטו אליין פערוואלטען. דו זאלסט ניט זיין קארג, און זאלסט זעהן, אז דיינע שוועסטער זאלען אימער־צו געהן שעהן געקליידעט, אזוי, אז זיי זאלען זיך קענען צייגען צווישען אנשטענדיגע מענשען. רעטע קיין זאך ניט, אויסער די פאמיליען־פאפיערען, וועלכע געפינען זיך אין דעם אויבערשטען שופלאד פון מיין שיאניער. דא איז דער שליסעל, די פייער־פאליסי האסטו -- (דורך דער סטעליע זעצט דורך א רויך) באלד וועט אלעס זיין ווי עס בעדארף צו זיין... אין איין אויגענבליק וועט מען הערען דאס קלינגען פון דער סעינט פראנסיעס קירכע. פערשפרעך מיר יעצט איין זאך: אז דו וועסט עס קיינמאל ניט דערצעהלען פאר דיינע שוועסטער... ווייל דאס וועט מעהר ניט... ווי שטערען דעם פריעדען פון זייער לעבען. (ער זעצט זיך ביים טיש) און יעצט נאך עפעס: זאלסט קיינמאל ניט לאזען רעדען א שלעכטווארט אויף דער מאמע'ן... איהר בילד געפינט זיך אויך אין שיפאניער... קיין איינציגע פון אייך האט דאס ניט געוואוסט... ווייל איך האב געגלויבט, אז ס'איז געוונג... דאס איז איהר אונזיכטבאר גייסט... געהט ארום אין הויז... גריס טהערעזא'ן... און בעט איהר... זי זאל מיר מוחל זיין... פערגעס ניט... ווען דו וועסט קויפען קליידער... זאלסטו איהר קויפען דאס בעסטע... ווייל דו ווייסט דאך... ווי שוואך... און קאפריזנע... זי איז... פאר אזעלכע זאכען... און וואוהין... איהר שוואכקייט קען איהר פיה־רען... איהר שוואכקייט קען איהר פיהרען... זאג אנעטע'ן...

(עס הערט זיך פון דרויסען א דוממפפער גלאקען־ קלאנג, דער רויך ווערט גרעסער. דוראנד לאזט פאלען דעם קאפ אויף'ן טיש).

אדעלא. עס ברענט! עס ברענט! פאטער! וואס איז דיר? דו וועסט דא פערברענט ווערען!

(דוראנד הויבט אויף זיין קאפ, נעהמט דאס גלאז און רוקט דאס מיט א בעדייטענדע מינע אוועק).

אדעלא. דו האסטו גיפט געגומען?

דוראנד. (שאקעלט מיט'ן קאפ). האסטו די פאליסי? — זאג טהערעזא'ן — און אנעטען...

(זיין קאפ פאלט וויעדער ארונטער; פון דערווייטענס הערט זיך דאס קלינגען פון גלעקער; א ליארם און א געטומעל פון דרויסען).

פארהאנג.



# פערלאג מ. יאנקעוויטץ — ניו יאָרק.

פאָלגענדע ביכער זיינען שוין ערשינען:

סאנין, ראָמאַן פון מ. ארציבאשעוו — — — — געבונדען $1.00

מיליאָנען, ראָמאַן פון מ. ארציבאַשעוו — בראָשירט 50 סענט, געבונדען 75 סענט

ליעבי און ליידענשאפט פון מ. ארציבאשעוו — — — 25 סענט

אויפערזוכט פון מ. ארציבאַשעוו — — — — — — 25 סענט

דער רויטער געלעכטער פון לעאָניד אנדרייעוו — — 20 סענט

דער פאָטער, טראגעדיע אין 3 אקטען פון אויגוסט סטרינבערג 25 סענט

קאַמעראדען, אַ קאַמפף צווישען די געשלעכטער פון אויגוסט סטרינבערג — 20 סענט

פאר'ן טוידט, טראגעדיע אין 1 אקט פון אויגוסט סטרינבערג 10 סענט

די פערברעכער, פון אויגוסט סטרינבערג — — — — 25 סענט

דער טויטען־טאנץ, פון אויגוסט סטרינבערג — — — — 25 סענט

דער וואמפיר, פון אויגוסט סטרינבערג — — — — — — 15 סענט

מוטער־ליעבע, פון אויגוסט סטרינבערג — — — — — 8 סענט

די שטארקערע, פון אויגוסט סטרינבערג — — — — — 7 סענט

אויגוסט סטרינבערג'ס קאָמפליטע דראמען, געבונדען אין צוויי בענדער $1.50

דאָס רויטע צימער, ראָמאַן פון אויגוסט סטרינבערג געבונדען $1.00

דער געשיידעטער פראָמעטעאס, גריכישע טראגעדיע געשאפען מיט 475 יאָהר פאר קריסטוס — —15 סענט

וועלטעלאָף, ערצעהלונגען און בילדער פון מ. אדערשלעגער 30 סענט

קארטען־שפיעל, פון מאיר בלינקען — — — — — — 25 סענט

טיפען און בילדער, ערצעהלונגען און פאָרלעזונגען פון אב. באראף 50 סענט

געלד, דראמא אין 4 אקטען פון מאָרים גיסנעט — — — 25 סענט

אין די שטורם טעג, דראמא אין 4 אקטען פון מרים קארפילאָוו 5 סענט

סאָצ אליזם אין בית המדרש פון ל. ראָזענצווייג — — — 10 סענט

שוין ערשיינען

# דיא
# פראָלעטאַרישע קללה



דעקלאַמירט פון דעם בעוואוסטען שוישפילער

## לעאָן בלאַנק

פרייז 5 סענט